ז. וויינפערס
אַנדערע ביכער:

„געקליבענע לידער"
מיט אַ פאָררײדע פון
משה לייב האַלפּערן
1932

„אידישע שריפטשטעלער"
וועגן יונגע דיכטער און נאָ־
וועליסטן
1933

„אונטערוועגנס"
לידער
1934

In English:

**At the Rich Man's Gate**
(*Poems*)
Translated by
Morton Deitch
Introduction by
Isidor Shneider
1935

# בירעבידזשאַן

פון

## ז. וויינפער



פאַרלאַג
„קולטור צווייג" ביים איקאָר

נויאָרק

1935

# אינהאַלט

# אַ פּאָר ווערטער

אין אָט דער זאַמלונג גייט אַריין אַ טייל פון מיינע לידער דורך וועלכע עס קומט צום אויסדרוק מיין אויפנע־מען די אַווטאָנאָמישע געגנט, וואָס דער סאָוועטנפאַרבאַנד האָט אָפּגעטיילט פאַר די יידישע מאַסן אין בירעבידזשאַן.

דער נאָמען „בירעבידזשאַן" איבער אָט דער זאַמלונג איז עפּשער נישט דער סאַמע פּאַסיקסטער, ווייל נישט דאָס לעבן גופע, אָט אַזוי, ווי עס איז אין יענער געגנט, וואו אונדזער פּרימאָרגן גייט איצט אויף אַזאַ געלייטער־טער, קומט צום אויסדרוק דורך די לידער, נאָר עס איז די זעלישע פרייד אין מיר צו דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש, וואָס גייט דורך זיי אויף, אָבער דער נאָמען „ב י ר ע ב י ד ז ש אַ ן" איז מיר אַזוי אייגן און טייער, אַז איך קאָן זיך בעשום אופן נישט פאַרגינען אים נישט צו האָבן אויף דעם שאַרבלאַט פון אָט דער זאַמלונג.

איך צערטל אין זיך די האָפנונג אינגיכן צו זיין דאָרט. נישט נאָר זיך צוקוקן צום לעבן, וואָס גייט שוין איצט דאָרטן אָן, נאָר טאַקע מיטלעבן מיט דעם און דעמלט וועט מיין זאַמלונג דערשיינען אין אַ פאַרגרעסערטער אויסגאַבע און דער נאָמען וועט אינגאַנצן באַרעכטיקט ווערן.

איך באַדאַנק די כאַווירים **העריטאַן** און **שולמאַן**, **וואָס** האָבן פאָרגעשלאָגן צו דער פאַרוואַלטונג פונעם „קולטור־צווייג" ביים „איקאָר" אָט די זאַמלונג אַרויסצוגעבן און אויך באַדאַנק איך די פאַרוואַלטונג, וואָס האָט דעם פאָר־שלאג איינשטימיק אָנגענומען.

דער געדאַנק, אַז אויף דער זעלביקער פאַרוואַלטונג־זיצונג זיינען געווען די כאַווירים שריפטשטעלער : **אָפּאַ־טאָשו**, **גלאַזמאַן**, **לאַפּין** און **ל. שאַפּיראָ**, גיט מיר גרויס פרייד.

**ז. ווײַנפּער.**

# גוט מאָרגן

עס איז אַזוי פראָסט,
פאַרוואָס זשע דער ציטער?
דער פראָסט האָט געלאָזט,
פאַרשטילט דאָס געוויטער.

אָט זעט, ווי עס שיינט
די זון דורך די שויבן,—
עס ברענגט אונדז דער היינט
פולע עמער מיט גלויבן.

אַ כאָלעם דורך יאָרן
נישט אויפגעהערט וועבן,—
דער כאָלעם געוואָרן
איז לעבעדיק לעבן.

נאָר גיין מיט די פיס
איז שווערער פון שוועבן
און כאָלעמען איז
פיל גרינגער פון לעבן.

דערפאַר אַזאַ ציטער,
דערפאַר אַזאַ וואַקל, —
די שווערע געמיטער
נישט זעען דעם פאַקל.

לאָמיר צינדן מיט גלויבן
אין אַלעמענס אויגן,
זיי ווייזן, ווי עס הויבן
זיך קוימענס און סטויגן.

זיי ווייזן, ווי כאָלעם
האָט לעבן באַקומען,
זיי ווייזן, ווי כאָלעם
האָט האַמער גענומען.

דער האַמער ער רוט נישט,
שפּריט שטיין איבער בלאָטע,
וואָס דער האַמער דערטוט נישט,
דערענדיקט די דלאָטע.

פינגער, וואָס פלעגן
בלויז קרייזלען די פּייעס, —
ווי פלינק זיך באַוועגן
איבער פערדישע שלייעס.

פינגער, וואָס פלעגן
די שטערנס זיך רייבן,—
ווי פלינק זיי באַוועגן
די טראַקטאָרס ביים טרייבן.

פון אויפבוי די פונקען
אין נאַכט זיך צעשלאָגן, —
וואָס נעכטן געהונקען
קאָן לאַסטן היינט טראָגן.

דאָס לעבן איז שענער
פון כאָלעם פאַרבאָרגן,—
עס קרייען די הענער,
זיי זאָגן גוט־מאָרגן!

# אַרויסט מיט די פּאַקלען

נישט איצט איז די צייט אויף צו וואַקלען,
נישט איצט איז די צייט פֿאַר קיין ספּייקעס,—
עס איז דאָך אַן אומזין צו מאַכן סאַכאַקלען,
ווען וואָגן מיט מאַסע ביים אָנהויב פֿון וועג איז.

דער וועג איז אַ האַרטער, דער וועג איז אַ שווערער,
נאָר ער וועט פֿון רייד דאָך לייכטער נישט ווערן,—
דאָס פֿינגער געדריי אין דער לופֿט אין דער לערער
איז גוט פֿאַרן באַטלען צו ציילן די שטערן.

אַז אונדז איז אַ ערד דאָ געגעבן געוואָרן,
באַדאַרף מען פֿאַרדינען די ווערט זי צו האָבן,—
עס איז נאָך נישט קיינמאָל קיין ווייץ און קיין קאָרן
געוואַקסן אָן אַקערן, זייען און גראָבן.

פאַרשטיינערט דאָס אָרט? מיט די נעגל צעקראַץ עס,
מיט אייגענעם שווייס מאַך עס ווייכער און האָב עס,—
עס האָבן נישט איינמאָל פאַרטריקנטע מאַצעס
געגעסן אין וועג אונדזערע זיידעס און באָבעס.

מען דאַרף איצט צעמענט פאַר אַן אויוון צו באַקן,
מען דאַרף איצט אַ האַק אויף צו בויען אַ שייער.
מען דאַרף איצט אַן עמער צו שעפּן אַ טרונק אַ געשמאַקן
און מוטיקע לידער פאַרן אָוונט ביים פייער.

מען דאַרף איצט אַן אַקסל, אַ האַנט און אַ שולטער,
מען דאַרף איצט דאָ אייליקע טריט אויף צו טרעטן,—
עס יערט אַזוי לאַנג אונדזער טייג אין דער מולטער,
און וואַרט אַלץ אויף הענט, וואָס זאָלן צעקנעטן.

נישט איצט איז די צייט אויף צו וואַקלען,
נישט איצט איז די צייט פאַר רייד, רעדערייען,—
אַרויסט אויף די וועגן און צינדט אָן די פאַקעלן
אַנטקעגן דעם לעבן, דעם נייעם, דעם פרייען!

## פון מאָסקווע ביז נויאָרק

פון מאָסקווע ביז נויאָרק און נאָך ווייטער
צעטראָגט זיך די בסורע און רופט אויפן קאָל, —
ביז אַהער, אַ פונק אין יעדערנס שייטער
און איצט אייגענער פלאַם אויף באַרג און טאָל.

דער אייביקער, ווינטיקער וואַנדערער
אויף אַלע וועגן, וואָס זיינען פאַראַן, —
ער שפּאַנט איצט באַנייט, גאָר אַן אַנדערער
אויפן וועג קיין בירעבידזשאַן.

פון ווינטיקן, ציללאָזן וויכער
צו אַרבעט און אויפבוי אויף לאַנד,—
דער וועג איז אַ שווערער, נאָר זיכער,
ער ווערט געפירט דורך סאָוועטנפאַרבאַנד.

פון מאָסקווע ביז נויאָרק איז נאָך ווייטער,
מען הערט און מען שטוינט, נאָר מען גלויבט,—
דער יידישער מענטש אַ באַנייטער
פאַרריכט, וואָס געווען איז צעשטויבט.

דער איד אויף דער ערד די צעאַקערטע,
דער איד אונטער אייגענעם דאַך
מיט לידער ביי שייטערס צעפלאַקערטע,
דער איד אויף זיין אייגענער שפּראַך.

דאָס איצטיקע דייטשלאַנד נאַציסטישע
אין פאַרגאַפונג דעם אויער שטעלט אָן,—
די סאָוועטנמאַכט, די קאָמוניסטישע,
זי האָט דאָס באַוויזן, געטאָן.

דער אייביקער, ווינטיקער וואַנדערער
צופוס און אויף שיף און אויף באַן,—
ער ווערט איצט אַ נייער, אַן אַנדערער
אויפן וועג קיין בירעבידזשאַן.

# ערשטע פּיאָנערן

ערשטע פּיאָנערן, —
פרייד אין אייער לוין,—
יידן וועלן ווערן,
יידן זיינען שוין!

פונעם טייך די בירע
ביזן טייך בידזשאַן
לענגאויס, ווי אַ ווירע
שוין אַ וועג פאַראַן.

בירע און בידזשאַן,
נישט ווייט איז דער אַמור
און עס איז פאַראַן
אויך אַ טייך, קולדור.

פרייען זיך די אויגן,
וואו עס פאַלט דער בליק
אויף די פעלדער סטויגן,
דאָ און דאָרטן אַ פאַבריק.

ערשט געווען דאָ גריבער,
ערשט געווען איז וויסט,—
איצטער שטאַלן, שטיבער,
רויך פון קוימענס גריסט.

זעט די זון טאָג־טעגלעך
און לעוואָנע דורך די נעכט, —
אַלע דאָ פאַרמעגלעך,
און נישטאָ קיין קנעכט.

ערשטע פיאָנערן,—
פרייד איז אייער לוין,—
יידן וועלן ווערן,
יידן זיינען שוין!

## סאָוועט מיט סאָוועטן

דאָס קליין, ווייס אידיש ציגעלע
אונטער דעם קינדס וויגעלע,
וואָס האָט געהאַנדלט
און געוואַנדלט
מיט שישי,
כאַמישי
און מאַפטער,
מיט גאָרנישט
און מע טאָר נישט
אויפן קלאַפטער,
מיט מייסים,
טאַלייסים
און טפילין,
מיט פאַרוואָרלאָזטע מילן

אויף מערק
פון די בערג
און די טאָלן,
וואָס האָבן קיינמאָל קיין מעל נישט געמאָלן.

דאָס קליין, ווייס אידיש ציגעלע
אונטער דעם קינדס וויגעלע,
וואָס האָט געהאַנדלט
און געוואַנדלט
מיט מישעביירעכס, איילמאָלעס,
מיט ווינט פאַר די פּאָלעס,
וועט מער נישט האַנדלען
אפילו מיט קיין ראָזשינקעס און מאַנדלען.
נאָר זיין וועט דאָס אַ ציג צווישן ציגן
און די קינדער אין די וויגן
וועט מען נישט פאַרוויגן
מיט קיין ליגן.

צו וואָס?
אַ ציג אויפן גראָז,
וואָס מעקעט
און בעקעט
און דרייט מיטן בערדל
לעבן אַ פערדל,
אָדער אַ קו,
גיט דאָך רו
און מאַכט דאָס לעבן שענער.
אָט הערט, ווי די הענער
מיט די גילדענע קאַמען
קרייען צוזאַמען
צום גלי פון אונדזער פרימאָרגן,
וואָס גייט אויף אָן זאָרגן.
אָט זעט, — א איד אַ געוואַגטער,
טרייבט אַ שטאָלענעם טראַקטער
און ער לאַכט אַזוי מונטער.
די ערד גיט זיך אונטער
מיט פרייד.

אַ איד אין אַ שיפל שפּרייט
איבער וואַסער פון בירע מיט נעצן.
ווען טאָג וועט זיך זעצן
אין גילדענעם גלי,
וועט זיך טאָן אַ צעבלי
אַן אָוונט־געזאַנג
לעקאָוועד דעם פישערס געפאַנג
אַזוי הערלעך און אָפן.
ווינטן פון מיזרעך און מיירעוו און דאָרעם און צאָפן,
צעטראָגן אומעטום דעם כידעש ;
— אוי, הערט נאָר, מען רעדט דאָך אויף יידיש
און נישט וועגן האַנדל
און וואַנדל,
קויפן,
פאַרקויפן
אויף מערק, און אין קראָמען,
נאָר מען רעדט גאָר פון לאָמען,
וואָס אין שטיינער זיך קלאַמערן,
נאָר מען רעדט גאָר פון האַמערס, וואָס האַמערן
איבער טשוועקעס אויף ברעטער. —

עס שרייבט מיר מײַן פעטער,
אַז אויף ערד נאָך ביז איצט נישט באַרירט
בויעט זיך קאָלווירט נאָך קאָלווירט.
ער שרייבט אויך מיט גליִענדיק גליק
פון דער נייער פאַבריק
אין בירעבידזשאַן
און פון דער באַן,
וואָס ברענגט אידן פון קאָשיווקע,
יאַניווקע,
קאַזלאָווקע,
שעפעטאָווקע,
וואָס געדענקען נאָך די שווערע געראַנגלען
מיט דעם וויסטן פעטלורען, דעם פינצטערן
וראַנגלען
און דעם הינטישן זון באַלאַכאָוויטש,
אָבער זיי ריידן מיט ליבשאַפט פון די כאַוויירים:
סמידאָוויטש
קאַלינין
און לענין.
מען רעדט אויף דער היימישער שפּראַך, —

דעם פּאָשעטן, זאַפּטיקן יידיש,—
די שפּראַך פון פאָלק און פּראָלעטן.
און וואָס איז דער כידעש ?
אַ פּאָשעטע זאַך,—
מיר בויען דאָך איצט אַ סאָוועט מיט סאָוועטן !

# אַקשאָנעסדיק

ביי דעם טייך, די בירע, —
בייסנדיקע פּרעסט,
נאָר אַקשאָנימדיקע אירע
קלאַמערן זיך פעסט.

אַז מען האַלט אין ווערן,
שלאָגט מען זיך מיט מוט,—
ביי די פּיאָנערן
קאָכיק איז דאָס בלוט.

פרעסטל בייסט אַן אויער,
פרעסטל בייסט די נאָז,
דאָך אויף ערד, דער רויער
טוט מען זיך אַ לאָז.

פראָסט וועט ווערן אייגן,
ווי אַ פראָסט אויך קאָן,
וועט נישט מער אַנטקעגן
שפּרינגען, ווי אַ האָן.

רויטלען בלויז דאָס פּאָנעם
און די נאָז אויף שפּאַס,
און נישט מער קיין סאָנים —
מענטש און פראָסט אין גאַס.

## לעגענדע

איינער אין אַ כאַמעט,
צווייטער אין אַ צוים,
דריטער דעם נערטאַמיד
האָט געוויגט אין רוים.

האַק האָט גיך געהעקלט
אַקשאָנעסדיק אין האַנט,
שטיין האָט זיך געברעקלט
איבער גאַנצן לאַנד.

ערד האָט זיך געגעבן,
אויך אַזוי דער וואַלד,
ביז עס האָט דאָס לעבן
הילכיק אויפגעשאַלט.

איצטער שאַלט עס הייליק,
גליקלעך און צעשיינט, —
יעדערער זיין כיילעק
האָט פאַר זיך שוין היינט.

הימל פול מיט כידעש
האָט געקוקט אַ צייט,
ווי אַ לאַנד, אַ יידיש
שפּרייט זיך ברייט און ווייט.

# בעציבער

מען בויעט בעציבער
שטאַלן פאַר רינדער,
ליכטיקע שטיבער
און שולן פאַר קינדער.

מען בויעט אויך מילן
אין אַלע קאָלווירטן,—
עס לייכטן אויף צילן
אין לאַנד ערשט-באַרירטן.

און כמאַרעט מיט פליגן
די ריזיקע טייגע ? —
מען וועט זיי באַזיגן,
האָט כאָטש קיין דייגע.

דער דאָר וועט פאַרזייען,
דער זעלבער וועט אַרבן,—
ער וועט זיך נאָך פרייען
ביים בינדן די גאַרבן.

בלויז מיד נאָר נישט ווערן,
זיך שלאָפן נישט לייגן,—
זיי וועלן אונדז ווערן,
זיי זיינען שוין אייגן.

עס טראָגן זיך בסורעס
פון לאַנד ערשט באַרירטן
פון אַקערס אין שורעס
אין נייע קאָלווירטן.

עס היילט אויס דעם צווייפל
די ערד דאָרט, די רויע,—
אַ פּאַס דאַרף אַ רייפל,
עס גרינט שוין די סויע.

# היינט שניידט מען דאָרט היי

אַז אונדז איז באַשערט
אויף אַ נייער ערד
פיאָנערן
צו ווערן
איז געזאַנג
אינעם גאַנג,
איז ליד
אין די טריט!

עס איילן די הענט
און עס וואַקסן אויס ווענט
פאַר שטיבער און שטאַלן,
פאַר שולן און זאַלן,
פאַר רינד,

פאַר קינד
און פאַר זיך, —
גיך, גיך,
קאָלזמאַן דער זומער נאָך שיינט,—
היינט
שניידט מען דאָרט היי,—
העי, העי!
דאָס היי דאַרף האָבן נאָך שניטער,
ווייל ווען האַרבסטיק געוויטער
וועט קומען
און ברומען
מיט ווינטן פון צאָפן,
וועט שווער זיין צו שלאָפן.

## די קו

וועט נישט געבן קיין רו,
דאָס פערד
נישט זיין וועט געגערט,
די ציגן
וועלן טרויעריק די הערנערלעך וויגן

און די שאָף
וועלן וויינען פון שלאָף.

## העי דו!

און אויך דו!
דאָס היי דאַרף האָבן נאָך שניטער, —
אַ צווייטער, אַ דריטער
אויף גיך
נעם אויף זיך
אַ געוועט,
ווייל באַלד איז צו שפּעט.
דער ווינט זאָגט אָן אויף אַ רעגן
עס קאָן זיך אַ הויב טאָן דער טייך צו די ברעגן
און דעמאָלט, — די וועגן!

## העי, דו,

און אויך דו.
דאָס היי דאַרף האָבן נאָך שניטער, —
אַ צווייטער, אַ דריטער

מיטן טייך אין געוועט,
נישט גערעדט,
נאָר געטאָן,—
עס שטייט דאָך אין קאָן
אונדזער היי,
העי!
העי!

**עס** איילן די הענט,—
אַ טרייסט פאַר די אויגן.
די אַרבעט,—זי ברענט,
עס וואַקסן די סטויגן!

## קאָלווירט

אַזוי ווי דער פידל
אין האַנט פונעם פידלער,—
דער שלאָג פונעם רידל
אין האַנט פונעם רידלער.

און ווער ביי דעם קוימען
און ווער ביי דעם טראַקטאָר,—
עס נעמט איין די רוימען
אַ מענטש אַ געוואַגטער.

די האַמערס,—זיי קלעפּלען
אויף ווענט און אויף דעכער,—
דאָס לאַנד ווערט זיך טרעפּלען
אַלץ העכער און העכער.

אַ מענטש מאַכט דאָרט שיכלעך,
און אַנדערע העמדער,
און דער וואָס שרייבט ביכלעך,
איז אויך נישט קיין פרעמדער.

קומט אָוונטביים פייער,
מען זיצט דאָרט אינאיינעם,—
געראָטן איז האַיאָר,
עס פעלט גאָרנישט קיינעם.

די אויפּעס, די רינדער
אין ליבשאַפט זיך פּאָרן,
די אַלטע, ווי קינדער,
זיך שפּילן אין קאָרן.

און לייגט מען זיך שלאָפן,
דער שלאָף איז אַן זאָרגן,—
איז נאַכט שוין אַנטלאָפן,
ברענגט פרייד דער פרימאָרגן.

# אונדזערע טייכן

אַ שאָד וואָס די לירע
אַרויס איז פון מאָדע,—
איך וואָלט צו דער בירע
געשפילט איצט אַן אָדע.

אַן אָדע אַ פּראָסטע,
אַז האַרץ וואָלט צעגאַנגען
פאַר נעצן געלאָזטע
אויף פיש דאָרט צו פאַנגען.

די מוידן, די יונגען
אויף וואַסער פון בירע,—
עד, וואָלט עס געקלונגען
מיין האַנט אויף דער לירע.

עס טרעפט אַ סאַקאָנע,—
באַהיט זאָל מען ווערן,—
עס שיינט די לעוואָנע!
עס היטן די שטערן!

אַ שאָד, וואָס די לירע
איז איצט אַ שאַבלאָנע,
אַזוי ווי די שירע
צו בלאַסער לעוואָנע.

נאָך גוט, וואָס פאַראַנען
אויך אַנדערע טייכן,—
אָט וועל איך בידזשאַנען
מיט בירען פאַרגלייכן.

און ביידן צום דריטן,—
אַמור איז דער גרעסטער!
זיי וועלן באַהיטן
די ברידער, די שוועסטער.

# אַ מוסטער געריכט

אין קלוב זאַל „דער ערשטער מאַי״
אַ מוסטער געריכט ווערט געפירט,—
פּרעזידיאום באַשטייט דאָרט פון דריי
יורי איז דער גאַנצער קאָלווירט.

פאַרקלאָגט איז די פוילקייט, וואָס איז
פאַר ווייטערן אויפבוי אַ שטער, —
אַ דורכרייס, אַ ביטערער ריס,
וואוהין מען טוט זיך אַ ווענד און אַ קער.

אין פּלאַן נייע הייזער דאָך זיבן
און פאַרטיקע זיינען בלויז פיר,
שפּיטאָל נישט פאַרענדיקט געבליבן,
אין גאָרקיך נישט פאַרריכט איז די טיר.

פאַרוואָס נישט געענדיקט דער שטאַל ?
די שול איז נישט פאַרטיק,—פאַרוואָס ?
עס שטראָפּט זיך דער אוילעם אין זאַל,
נישט אויסגעפּילט האָט מען די מאָס.

געלאָזן אין פעלד האָט מען קרויט,
די מיטיקן שלעכטע אין קיך,
אָן טאַם באַקט דער בעקער דאָס ברויט,
צו קליין די פּראָדוקציע פון שיך.

די לאָמפּן אין זאַל שיינען מאַט,
פאַרשעמט קוקט אַרונטער די פּאָן.
—כאַווירים, ווער גיט אונדז אַ ראַט ?
— כאַווירים, וואָס זאָלן מיר טאָן ?

און פּלוצלונג עס שפּרינגט אויף אַ שוסטער
און ביילט זיינע פויסטן צונויף :
— כאַווירים, יעדער איינער אַ מוסטער !
— כאַווירים, מיט מוט באַרג אַרויף !

און נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער,—
דער זאַל איז איצט פול מיט געשריי,
עס שווערן די שניידער, די שוסטער, די שניטער,
אַז בעסערן וועלן זיך זיי.

די פאָן איז פאַרשעמט שוין נישט מער,
די לאָמפּן, זיי ברענען איצט העלער,—
וואָס געווען איז געווען ביז אַהער,
אויף ווייטער דער טעמפּ וועט זיין שנעלער.

די קעכין,—די כאַווערטע עסטער,
שרייט פריילעך צום אוילעם געדיכטן:
— איך האָב פאַר אייך, ברידער און שוועסטער,
אויף מאָרגן גאָר נייע געשמאַקע געריכטן.

עס שמייכלט דער פאָרזיצער ברייט,
עס שמייכלען געהילפן דערלעבן,—
די פוילקייט פאַרמישפּעט, — עס יואוולט די פרייט
פאַר בעסערן, שענערן מוסטער פון לעבן.

## אין גומענע שטיוול

ווען איך טו זיך אַ דערמאָן,
אַז בערל כאַיע סאָרעס
איז אַ פישער־יונג אין בירעבידזשאַן,
קומען מיר אויפן זין שווערע געמאָרעס
און שמאָלינקע פּלייצעס.
מיילע יאַנקעלע שמייסער, פאַרשטיי איך,—
אַ יונג מיט אַ בייטש, ביי פערד און ביי לייצעס,
וואָס שטענדיק: — אָט לויף איך, אָט גיי איך! —
נו איז ער קיין בירעבידזשאַן אַזש דערפאָרן,
אָבער בערל כאַיע סאָרעס,—
איז טאַקע די וועלט אַזוי אַנדערש געוואָרן?
איך פרעג זיך קעסיידער, צי וואָר איז
אָט דאָס וואָס איך לייען אין בערלס אַ בריוול.
ער האָט אויך אַ בילד מיר געשיקט פאַר אַן
איידעס,—

אַ יונג אין צוויי גומענע שטיוול,
אַזוי ווי עס וואָלטן זיינע זיידעס
שוין דוירעס
ביים פיש־פּאַנג געזונגען, געיואוולט
און נישט קיין סייפּער־טוירעס
געשריבן אין זיך אין מיקווע געטוויוולט.

איך קוק און עס ווערן נישט זאַט מיינע אויגן
און זיינע אויף מיר,—זיי שמייכלען דערפרייטע,—
די נאַרישע ספּייקעס, וואָס טויגן?
אָט זע איך די פּלייצעס צעוואָקסענעע, ברייטע,
די פיס אין צוויי גומענע שטיוול
און ווערטער אַזעלכע קלאָרע
צו מיר אין זיין בריוול: —
איך לערן נישט מער קיין געמאָרע,
איך צייל נישט אין הימל קיין שטערן.
די הימלען דאָ ברייטע און קלאָרע,
די וועלדער מיט הירשן און בערן
און טיגערס,—אַ סוואָרע,
אַז דאָרטן זיינען אויצרעס פאַרבאָרגן,

וואָס וואַרטן צו ווערן דערקענט
פאַרן ליכטיקן מאָרגן
דורך מענטשלעכע הענט.

אַזוי שרייבט צו מיר בערל כאַיע סאָרעס
און פרייד גייט אויף פון זיין שרייבן,—
די בערג זיינען אויך נישט קיין אַקאָרעס,
און מען וועט זיך צו זיי אויך דערקלייבן.
נאָר ער האָט ליב נעצן פאַרוואַרפן
און פיש פון די טייכן צו פאַנגען.—
ער לאָזט מיר אויך וויסן, אַז זיי באַדאַרפן
אויך דיכטער מיט נייע און פרישע געזאַנגען.

ער פרעגט: געדענקסט נאָך דאָס קרעמל,
וואָס מיין מאַמע האָט געהאַט אויפן מאַרק? —
אַ קרעמל פון ברויט און פון זעמל,—
איז געקומען אַ טאָג און דערלאַנגט אויפן קאַרק
און געמיינט וועלט גייט שוין אונטער,
צום סוף איז אַ וועלט אויפדאָסניי אויפגעגאַנגען,—

ווען דו וואָלסט געזען, ווי מען אַרבעט דאָ מונטער!
ווען דו וואָלסט געהערט אונדזערע נייע געזאַנגען!

אַזוי שרייבט מיר בערל אין אַ בריוול
און איך לייען און ציטער פון כידעש,—
בערל כאַיע סאָרעס אין צוויי גומענע שטיוול
און זיין וואָרט אַזוי פריש און אויף יידיש!

## ניי־יידיש

מיינע טריט האָבן נאָך נישט געטראָטן
נישט אינעם ליכט און נישט אינעם שאָטן
פון דיינע פלאַכן, טאָלן און דיינע בערג.
ווי גוט וואָס עס וועלן נישט זיין קיין מערק
און קיין יאַרידן
פאַר יידן
אויף צו האַנדלען
און וואַנדלען
אין דיינע דערפער און שטעט.
אין סאָצגעוועט
אויף אויפרייסן ערד
איז אונדז ביי דיר באַשערט.
מיר וועלן מיט האַמערס, רידלען אין די הענט
אַוועקלייגן אַ פונדאַמענט
פאַר נאָך אַ לאַנד

אין דעם פאַרבאַנד
פון די סאָוועטן.
בלויז דיניקע שטאַכעטן
וועלן אָפּטיילן אונדז פון זיי.
איין קאַרוזעל־געדריי
איבער ריזיק גרויסן קאָלעקטיוו.
איין גרויסע שיף
און ווי גוט איז,
וואָס באַזונדער די קאַיוטעס.

**נישט** געזען האָבן דיך מיינע בליקן,
נאָר איך בוי מיט ליבשאַפט בריקן
צו דיר פאַר מיינע טריט.
נעם צו דערווייל פון ווייט מיין ליד
און וועסטו מיינע הענט באַדאַרפן,
וועלן זיי, ווי שאַרפן
פון רידלען, העק און זעגן
זיך רייסן איבער דיינע וועגן
צו בויען דיינע דערפער, דיינע שטעט.
אין סאָצגעוועט
אויף שנעלערן פאַרזיי,

אויף שניידן היי,
קאָרן און ווייץ
איז אַזאַ רייץ
פאַראַן.
בירעבידזשאַן.
איך זע דעם ערשטן איבערוואַנדערער,
וואָס איז שוין איצט ביי דיר אַן אַנדערער.
אַמאָל אַן הילפלאָזער אויף די וועגן
האָט ער געזוכט פון קעלט און רעגן
אַן אָפּדאַך, וואו סע נישט איז
און איצט,—צוויי ברייט-צעשפּאַנטע פיס
אויף דיין ערד,
וואָס ווערט
אים נאָענט, ווי צום קינד דער מאַמעס בריסט.
דו ביסט
אין שטעטך ווייט פון מיר,
נאָר זינגען, זינגען שוין צו דיר
מיינע טריט
דאָס ליד
פון אייגנס,

וואָס איך האָב אונטערוועגנס
אין דיר דערקענט.
אַקשאָנעסדיקע הענט
וועלן באַזיגן
אַלע זלידנע פליגן
אויף דיין ערד.
אַזוי ליכטיק ווערט
פון קאָסע־קלאַנג
אויף זאַנג
און פון דעם וואַלצנוויג
אין דער פאַבריק.

טאָוכאָז,
קאָלכאָז,
קאָלווירט און קאָלעקטיוו,—
אַ כאַווער האָט מיר אין אַ בריוו
אָט די נייע ווערטער צוגעשיקט, —
האָבן זיי זיך פריילעכע פאַר מיר צעוויגט
מיט כידעש
און ניי־יידיש,

ווי פּאַטשעריי פון יונגע פייגל־פליגל, —
איך ריגל
אויף די ריגלען איבער מיינע טירן
און לאָז זיך פירן
פון זיי
צו נייעם פּאַרזיי,
צו נייעם פאַרמעסט
מיט היצן און מיט פרעסט
און ווען מען דאַרפן
מעסערס שאַרפן
דעם נעכטן
צו פעכטן
איז דאָס קעדיי,
ווייל פריי
און אָן זאָרגן
ווינקט דער מאָרגן
פון בירעבידזשאַן
צו אונדזער קלאַן.

## אונדזער שאָכן יאַפּאַן

די פּאַרשלאָפענע ערד אין בירעבידזשאַן
וועקט זיך פון פּלוצלונגדיקע קוילעס יאַרידישע.
עס גלאָצט מיט די אויגן דער שאָכן יאַפּאַן
אויף די איבערוואַנדערער, די יידישע.
מען האָט ביז אַהער ניט געזען קיין געוואַגטערס,
ווי דאָס, וואָס גייט אָן אויף יענער זייט גרענעץ.
געקומען מענטשן מיט לידער און טראַקטאָרס
און אָפּגעווישט דעם ריזיקן גענעץ,
וואָס האָט דאָס מויל דאָרט געצויגן, געריסן.
געקומען מענטשן פון וויטן און זיך איינגעביסן
מיט אַקשאָנעסדעקע נעגל און ציין
אין דער ערד, אין דעם בוים, אין דעם שטיין.

עס גלאָצט מיט די אויגן דער שאָכן יאַפּאַן
און ווייסט ניט צי שעלטן, צי בענטשן
און די פאַרשלאָפענע ערד פון בירעבידזשאַן
וואַכט אויף אונטער טראָטיקע טריט פון די מענטשן,
וואָס זיינען געקומען פון ווייטן אויף איר.
עס קוקן מיט נייגער די בערג און די טאָלן,
ווי מענטשלעכע הענט טוען זיך דאָ אַ צעפיר
און נעמען די ערד איבערמאָלן, —
וואו אַ קאָרטש, צי אַ זומפּ, צי אַ גרוב
דאָרט אַ גאָרטן, אַ שטאַל און אַ שטוב;
ביז אַהער דאָס זשומען פון פליגן און קלאַפּן פון שלאַנגען
און איצטער מאַשינען און מענטשן געזאַנגען.

ביים מיזרעכדיקן טייך, דעם אַמור
די קאָמאַרן אין שוואַרצע וואָלקנס געדיכטע
ווערן פאַרשוואונדן ביים אויפשטייג פון אַגריקולטור.
עך, וועט עס די נייע און נייסטע געשיכטע
האָבן צו שרייבן און שרייבן פאַרשרייבן
וועגן ראַשיקן אויפבוי ביי אַמורישע ברעגן.
יידישע פּאַסטוכער טשערעדעס טרייבן,

יידישע אַרבעטער מיט האַמערס און זעגן, —
מיט פריידיקן ווילן און אויפבוי אין קאָל
שלאָגט די האַק אויף באַרג און אין טאָל
איבער ערד פון בירעבידזשאַן, —
עס קוקט מיט פאַרגאַפונג דער שאָכן יאַפּאַן.

ער טראַכט זיך, איז אָט וואָס עס טוט דאָרט
די רויטע מאַכט פון די אַרבעטער ראַטן!
נישט בלויז מיט דער פראַזע פון וואָרט,
נאָר מיט קלאָרע און אָפענע טאַטן
באַווייזט זי דער וועלט דאָ אַ מוסטער.
דער נעכטיקער באַטלען, דער קרעמער
איז היינט דאָ אַ סטאָליאַר, אַ שוסטער, —
אַ פרייד, כאָטש נעם שעפּ מיט אַן עמער
און טייל אויס איבער גאָרער ערד צו די מענטשן.
עס וואַקלט דעו קרעמער, נאָר וואָרט אויף צו בענטשן
דעם יידישן אויפבוי אין בירעבידזשאַן
צאַפּלט אויך אינעם אַרבעטער־האַרץ פון שאָכן יאַפּאַן.

# די בריק צום צוריק

ווען הימל און וואָלקנס שווער און געדיכט, —
וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס כיילעוון ליכט
און אויך די האַוודאָלע.
אַ וועלט וואָס שפּילט שלעכט איר ראָלע
באַדאַרף מען מאַכן „אל מלא
רחמים והנון״,
און דערנאָך צי צופּוס, צי אויף באַנען,
זיך יאָגן
און טראָגן
אויף וועגן און שטעגן,
דער נייער אַנטקעגן.

די אַלטע מענוירע,
דעם ווילנער גאָענס טוירע,

דער הייליקער רעבע,
וואָס האָט אַ קוגל געמאַכט פון קאַבעבע,
דעם קאָזשניצערס בערדל,
מאָשיעך אויפן פערדל!

אַמאָל איז געשען! —
מען האָט שוין געהערט און געזען! —
זיידעס און באָבעס
האָבן אויף שאַבעס
געקוליעט קאָטשקעס און גענדזלעך,
זיידענע פרענדזלעך
אויף אָן אַלטן פּאָרויכעס,
אידן מיט קויכעס
זיינען לעהאַכעס דעם סאַמעך־מעם
אויף קידעש האַשעם
געגאַנגען.
אויף אַלעביימער איז מען געהאַנגען
און די פאַרבליבענע,
צעטריבענע,
האָבן אויף אַלע וועגן

און שטעגן
געלויבט זיין הייליקן נאָמען, —
ברוך הוא ושמו אמן ואמן
און דערנאָך ? —
די אָקסן אין יאָך
שפּאַנען מיט די הערנער אַרונטער
אַפילע ווען די זון איז צערויטלט ווי צונטער.

שלוימע מאַלכו האָט געוואָלט,
דער מאַהאַראַל האָט געזאָלט
און דער אוילעם, —
דער גוילעם
איז אויפן בוידעם געלעגן.
דער באַלשעם האָט אַ ניגן
געזונגען, געזונגען, געזונגען
און קלויסטערס האָבן געקלונגען
איבער מערק און יאַרידן
און ווידער האָט מען יידן
געפּייניקט, געשאָכטן, —
די מאַמע, די צנוע האָט געפלאָכטן

זאַפרענדיקע כאַלע
און די טאָכטער, די קאַלע
האָט אין איר כאַסענע־נאַכט
אַ מאַטאָנע געבראַכט
זיך אַליין,
יונג און ריין
מיט די געפילטע פיש פון דער פאַן
צו דעם שיקערן פאַן.

די זיידעס און באָבעס, —
הייליקע, צעריסענע שקראַבעס,
וואָס האָבן די בלאָטע געקנאָטן
און צו דער מיקווע געטראָטן.
אייזיקע צעפּלעך,
וויביינערנע קנעפּלעך
אויף זייערע שאַלן און בערדלעך
און פאַרמעסט
מיט די ווינטערדיקע פרעסט.
מיט פערדלעך
איז בלויז דער פאָריץ געפאָרן, —

איך געדענק נאָך די קאַטש אויף רעסאָרן,
די פערדלעך מיט פאַרבונדענע עקלעך
און די מעשענע גלעקלעך.

## אַמאָל איז געווען!

אַמאָל איז געשען! —
אָבער איצטער געשעט דאָך נאָך מערער!
די שאָף כאַפּט אויס ביי דעם שערער
די שער פון די הענט.
און זע סאַראַ פייער עס ברענט
און פאַרלענדט דעם פונדאַמענט
אויף וואָס דער נעכטן איז געשטאַנען.
באַנען,
עראָפּלאַנען
אין איילִיקן וואַנדער
טראָגן פאַנאַנדער
דעם רייעך פון יערן,
געבערן
און ווערן
אין דער איצטיקער מינוט.

בלויט
רינט.
ווינט
בלאָזט
און לאָזט
הינטער זיך האָרבעס
פון כורוועס,
וואָס האָבן כאָרעוו געדאַרפט זיין שוין לאַנג.
ד'ער קלאַנג פון פאַרגאַנג
קלינגט מער נישט מיט טרויער
צום אויער, —
סיידן ביי אַ פאַרלאָזענעם מויער
אַ פאַרלוירענער שוימער ביים טויער,
וואָס קראַצט מיט באַדויער
דעם אייגענעם אויער.

## ליד,
צי טריט,
וואָס שפאַנען צום מאָרגן איז שענער
פון אַלערליי פענער,

וואָס האָבן דעם נעכטן באַצירט
און צו גאָרנישט געפירט.

לידער
פון שוועסטער און ברידער,
וואָס זיינען דאָ
אין דער איצטיקער שאָ,
ווערן געזונגען בעציבער
און קלינגען אַריבער
דאָס ליד פונעם קאָזשניצערס בערדל
און דאָס ליד פון מאָשיעכן אויפן פערדל,
וואָס רייט אויף דער בריק
צום צוריק.

אוי, ליקערדיק,
שיקערדיק
איז דער קלאַנג,
דאָס געזאַנג
אינעם קאָל
צום אַמאָל

און אַמאָל
און אַמאָל.
אָבער די בריק
צום צוריק
הענגט אויף פּאַפּירענע שטריק, —
זי וועט זיך צעפאַלן!
זי איז שוין צעפאַלן!

## פריילעך

איך האָב ליב מענטשנגעדרענג, —
עס איז ענג,
אָבער פריילעך, —
אַנטקעגן וואָס זשע דערצייל איך
וועגן דעם? —
רעב ייסראָעל באַלשעם
האָט ליב געהאַט ביימעלעך, גרעזעלעך,
ציגעלעך, קעלבעלעך, העזעלעך,
פרישינקע קעזעלעך,
קינדישע נעזעלעך
און כאַלע מיט פּוטער
איך אויך — אַז עס מאַכט זיך אַ טאָג אַ גוטער
ווערט דער יאָך
פון דער וואָך

אויפן רוקן פון מאָנטיק
נישט קאָנטיק.

**היינט** זיינען ביי מיר געסט, —
אייגענע מענטשן!
וועט מען עסן און בענטשן!
— עסט! עסט!
ליבע געסט
און לאָזט גאָרנישט ניט איבער.
די ווענט פון אונדזערע פריערדיקע שטיבער
שאָקלען זיך, בלייבן זיך, פאַרשווינדן.
די שינדער
שינדן
פון אונדזערע קינדער
צו שטיקלעך.
זיי לאָזן בלויז איבער די שטריקלעך
לעזיקאָרן
אויף יאָרן
פון אונדזערע קינדערשע וויגן, —
זיי וועלן מיסטאָם אַמאָל ליגן

אין מוזעאומס,
מאַוזאָלעאומס
צו דער פרייד פון די אַנטיקן קלייבער,
היסטאָרישע ראָמאַנען שרייבער,
וואָס וועלן פון אונדז דערציילן
אין ביכער פון גאַנצע פיר טיילן.

איך האָב אַזוי ליב מענטשנגעדרענג, —
עס איז ענג,
אָבער פריילעך, —
אָט זיינען דאָ מענטשן, — דערצייל איך, —
עס ווערט גרינגער דאָך בלויז פון דערציילן,
כאָטש מיין ליד האָט דערווייל נישט מער ווי
דריי טיילן.
דעם פערטן וועל איך נאָך דערציילן!